Kraków
Do Biblioteki Jagiellońskiej ul. Anny 12

פרייז 25 גראָשען  פינפטער יאַהרגאַנג  „Należytość pocztową uiszczono ryczałtem" 35 (225)

# ראַדאָמער-קעלצער לעבען

ראַדאָם פרייטאָג כ״ב אלול תרפ״ח. ◆◆ פאַר׳ן אינהאַלט פון טעקסט אין די אַנאָנסען איז די רעדאַקציע נישט פעראַנטוואָרטליך ◆◆ 7-go września 1928 r.

צו דער פערלאָבונג
פון ה׳ ראובן זיסקינד
— מיט פרל׳ —
אסתר פרייזענרייך
ווינשט א הערציגען מזל-טוב.
משה פעדערמאַן עט פֿרוי
ראַדאָם.

גדא טבא
לחברינו מר משה צוקער (ראַדאָם)
לארושיו עם העלמה
כרת מלכה עהרליך (שידלאָוויעץ)
תהי עתידתם כאיש׳.
החברים: ידידיה ווייכבאַ״ד
והאחים בילאנדער

Z intencji zaręczyn
p. Leona Goldberga (Kielce)
z p. Dorą Ogniewiczówną (Chmielnik)
wiele szczęścia i wiecznego zadowolenia oraz pociechy rodzicom
życzą:
Samuelostwo Leslau.

זלאַטקע שטיינמאַן ראַדאָם
בעריש זילבערשטיין שעננע
פערלאָבט
4.9 1928

צו דער פערלאָבונג פון אונזער ליבע טאָכטער און שוועסטער
זלאַטקע שטיינמאַן
מיט ה׳ בעריש זילבערשטיין
ווינשען מיר א הארציגען מזל טוב
און א גליקליכע צוקונפט.
עלטערען און ברידער.

פאר דער ביבליאָטעק ביי דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין ראַדאָם.

זונטאָג דעם 9 וואָשעשיען ד. י. אום 8,30 אָווענד וועט אין זאַהל פון טעאַטער „ראָזמאַיטאָשצי"

— פאָרקומען —

## א גרויסער וויאָלין-קאָנצערט

אויסגעציהרט פון בעקאַנטען וויאָלין-ווירטואָז, צוהערער פון דער מייסטער-קלאַס ביי דער מליכה׳שע אַקאַדעמיע פאר מוזיק און פלאַסטישער קונסט אין ווין

# סימאָן באַקמאַן

ביי דער מיטווירקונג פון בעקאַנטען ווירטואָז
## מיכאל פערשקא
(וואַרשאָ) — (ביים פאָרטעפּיאַן).

## פּראָגראַם:

I.
וויוואַלדי — — — קאָנצערט ג׳ מאָלל
סאַראַסאַטע — — שפּאַנישער טאַנץ
בלאָך — — — דער ודוי פון בעל-שם
סמעטאַנאָ — — — אויס דער היימאַט
רימסקי-קאָרסאַקאָוו — הינדוסען - ליעד
דוואָזשאַק — קרייזלער — סלאַווישער-טאַנץ

II.
לאַלאָ — שפּאַנישע סימפאָניע (IV .1 טייל)
טשייקאָווסקי-קרייזלער — אנדאַנטע-קאַנטאַבילע
סאַראַסאַטע — — — ציגוינער ווייזען
ברוך — — — — כל נדרי
אחרון — — העברעאישע מעלאָדיע
קרייזלער — — — — ווינער קאַפּריז

שאַפען — — ) 2 שאַנגען אויסגעפיהרט
גריעג — — ) פון ה׳ מיכאל פערשקא

בילעטען צום פרייז פון $1^{20}$ — $4^{20}$
פריהער צו בעקומען אין אַפּטייק סקלאַד פון ה׳ קוראַווער (לובעלסקא 1) אין דער „קאָאָפּעראַטיווע קאַסע" לובעלסקא 25 (אין לאָקאַל פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע) און אין טאָג פון קאָנצערט ביי דער קאַסע פון טעאַטער פון 6 אַז. אָווענד.

## SPRZEDAŻ SUKNA i KORTÓW

# N. WEINMAN, Radom

ZGODNA 9 (Pl. Jagielloński 6) w BRAMIE, 1-e PIĘTRO.

מאַכט בעקאַנט, אַז צום ווינטער-סעזאָהן איז דער לאַגער פון טוך און קאָרט פערזעהן
מיט א רייכען אויסוואַהל סחורות: טאַמאַשאָווער, לאָדזער און ביעליצער.
בעמערקונג: אויסגעזוכטע, ביליגע פרייזען און גוטע בעדינגונגען.

מיט אכטונג
## נפתלי וויינמאַן
ראַדאָם, זגאָדנא 9 (פּל. יאַגיעלאָנסקי 6)

# „זאיענטשעס", עקזעקוציעס, ליציטאציעס, סעקוועסט־ראטארן, קאמארניקעס, בעאמטע און געהיים־אגענטן.

**וואס די יודישע גמינע אין ראדאם טהוט־אויף — די גאנצע וואנד פון מאגיסטראט בעהאנגען מיט ליציטאציע־קוויטלעך אויף עטאט — דאזארעס וואס בעצאהלען דעם עטאט פון 24 יאהר, ערשט אין 27 יאהר און זיי מאכט מען נישט קיין ליציטאציעס — מ'פערקויפט דאס ביסעל בעזעכעס פון ארימע יודישע בירגער אויף אויסצוהאלטען א גאנצען שטאב בעאמטע און קעסט־קינדער פון דער פרעמד.**

**חאס די יודישע גמינע טהוט אויף.**

34 פרנסים זענען געזעסען 4 יאהר אין א יודישע גמינע און אויפגעטוהן האבען זיי אויף אזוי פיל פאר די אל, געמיינע בעדערפענישען פון שטאדט, אז מען קוקט שוין אויס פשוט דעם טאג. ווען ס'זאלען פארקומען נייע וואהלען און מ'זאל שוין קאנען מאכען איבער זיי די ברכה „ברוך שפטרנו". 4 יאהר איז מען געזעסען אויף די כראהן־שטילען און געקיניגט איבער'ן פאלק ישראל אין ראדאם און אויפגעטוהן פאר איהם אזוי פיעל, אז, דערמאנענדיג בלויז זייער „טהעטיגקייט", קריצט מען מיט די ציין און די ליפען פער־בייסען זיך פון כעס און אויפרעגונג.

מ'האט גארגישט געוואלט, מ'האט צו גארנישט געשטרעבט. מ'האט גארנישט פערלאנגט. סאליגען, ס'איז געווען בלויז א אנשטעל. א מאסקאראדע, א פורים־שפיעל אזעלכער. מ'האט געוואלט דעם עולם פער'שכיר'ען און הויבען איהם דעם פולס, ער זאל געהן נאך זייער קאמענדע, און נישט פרעגען קיין קשיות. פון אלע הבטחות האט מען זיך אויסגעלאכט און פון אלע געפרע־דיגטע אידעען האט מען דערנאך אליין געשפאט און גע'חוזק'ט. יא, איין זאך איז געטוהן געווארען דורך די גאנצע 4 יאהר — מ'האט געמאכט בורושע־טען און געמאהנט געלד.

יא, איין לאזונג האבען זיי, די גמי־נע־לייט געטריי און עהרליך דורכגע־זעצט און דאס איז

## געלד, געלד און געלד.

4 יאהר נאכאנאנד האט מען גע־מאהנט עטאט ביי דער יודישער בע־פעלקערונג און וואס האט מען פאר דעם איינגעטראגענעם געלד או פגע־טוהן? וואס האט די גמינע געגעבען צוריק דער שטאדט?

אידיק זענען 4 יאהר. יעצט האלט מען שוין ביי נעילה. די ממשלה פון דער היינטיגער גמינע איז א פראגע פון וואכען, הערט טענה פון חדשים און דער דאזיגער געלד־לאזונג געהט מיט יעדען טאג, א שטארקערען טעמפא. מען רייסט פון טויטע אין לעבעדיגע, מען מאהנט ביי ארים און רייך, מ'הערט נישט מעהר ווי איין געשריי: געלד, געלד און געלד.

נאך וואס דארף די גמינע אזוי געלד געלד און וואס טהוט זי דערמיט און?

— דאס בלייבט א סוד פאר די, וואס ווייסען און א קשיא פאר די, וואס ווייסען נישט.

איבער'ן שטאדט געהען דערווייל א־ום סעקוועסטראטאר־ען, קאמארניקעס, מיט פולע טעקעס און מאכען „זאיענ־טשעס", עקזעקוציעס און ליציטאציעס פאר גמינע־עטאט. מען מאהנט געלד אין אלע פיער עקען שטאדט פאר דער גמינע. מען פערקויפט חפצים, זאכען, כלי בית און דאס געלד געהט פאר דער גמינע־קאסע.

כמעט א גאנצע וואנד פון מאגיסט־ראט איז בעקלעבט מיט ליציטאציע־קוויטלעך, וואו ס'ווערט געמעלדעט, אז ביי משה, חיים, מענדיל, שלמה, ראובן, יאפיל, נטע, שמעון א.ז.וו. א.ז.וו. זע־נען פערשריבען די שענק, די בענקלעך, די טישלעך, די פויערהענגלעך, דעם זייגער, די וועש, דאס טישטוך און זיי ווערען פערקויפט ווערען דעם אין דעם טאג פאר גמינע־עטאט.

ווען מ'געהט צו נעהנטער צו דער מאגיסטראט־וואנד און מען לייענט גע־נוי איבער די דאזיגע מעלדונגען זעהט מען, אז ס'זענען בעשטימט געוואר, ליציטאציעס אפילו אויף 4 און 8 זל. עטאט־שטייער. ווען מען לייענט נאך ווייטער דערקענט מען באלד לויט די אדרעסען אז די ביי וועלכע די ליציטאציעס דארפען דורכגעפיהרט ווערען, וואהנען אין אונזערע יודישע קוואטאלען, וואו כ'הערשט נויט, ארימקייט און כרונישע געלד־נויט. אז ביי די האט מען שוין פערשריבען דאס ביסעל בעזעכעס און פאר 8 אדער 4 זל. צו וועלכע כ'זע־נען צוגעשלאגען 30 פראצענט פאר'ן מאגיסטראט. יעצט בעווארנט פ אצעני־טער פאר פעלדגעלד ביים און ל צו־סאציאל־עקסטען און פיר־פיר דאגע אנדע־רע צוגאבען, — א קיינאמען פון עכ־... כו צוזאמען ...ילדע... די... ניכטיגע ... ... 4 זל. ... דאס

אליין זאגט שוין עדות, אז דער עטאט־צאהלער אין פון דער קלענסטער קא־טעגאריע, וועלכער איז אמוואהרשיינ־ליכסטען נישט בכח אפילו אזא סומע צו בעצאהלען — אט צו אזעלכע צוויי־פעלהאפטע געלדער לאזט מען אנוואק־סען גרויסע צוגאבען און פראצענטער און פאר דעם אלעם

**לאזט א יודישע גמינע אייספער־קויפען דאס לעצטע ביסעל שטוב־זאכען ביי די אונפערמעגליכע און ארימע.**

שטעהענדיג פאר אט די ספימע מא־גיסטראט־וואנד וועלכע איז „אויסגע־צירט" מיט די „העררליכע" ליציטאציע־שיר־המעלות'ען פון דער גמינע, נעמט אייך א גרויל מיט א צארענדיגען פראטעסט צוזאמע. די נישט יודישע דורכ־געהער שטעלען זיך אן און קוקען ווי א גאנצע וואנד איז בעקלעבט, מיט לי־ציטאציע־בעקאנטמאכונגען פאר'ן „בוזש־ניטשנעם פאדאטעק". די זעלבע נישט־יודישע דורכגעהער קוקען און לייענען ווי יודען מאכען אייגענע ברידער „סעקוועסטראציען" אויף טישען, בענק, זייגערס, וועש און, נאך אזעלכע שטוב־זאכען אויף 4־רער, 8 ער זלאכעס און 10־ער זלאטעס, צו וועלכע ס'געהען צו 20־ער זלאטעס פאר „קאזעפ" צינזען און עקזעקוציעס. וואס טראכטען אזעל־כע נישט יודישע דורכגעהער? — יודען ווילען נישט צאהלען, זיי קאנען און ווילען נישט. מ'תא ווייסען זיי די יודישע „גמינע־פערטראנזיציעלעס", אנדערש, וואלטען יודען נישט געמאכט זייערע אייגענע ברידער קיין „רעקוויזי־ציאנען". אזוי און נישט אנדערש טראכטען זיי די נישט־יודישע דורכ־געהער. היינט. וואס זאל ואך וואגען דערצו דער „אוושאנד סקארבאווע"? איז אייגענע יודען, הובען א כח און א האר צו לאזען אויספערקויפען דאס ביסעל בעזעכעס פון זייערע ברידער,

טא פארוואס זשע זאל עס נישט טוהן דער „אוושאנד־סקארבאווע" פאר די מלוכה'שע פאדאטקעס? אויב איין יוד האט נישט קיין רחמנות אויפ'ן צווייטען, פאר וואס זשע זאל דער „אוּ־זשאנד סקארבאווע" זיין מעהר בעל־רחמנות?

אויסער די סקאנדאליעזע האנדלונג פון די גמינע־ליציטאציעס ביי די אונ־פערמעגליכסטע שכטען, אויסער דער אונערהערטער פאקט גופא, איז נאך גרעסער דער פערדרוס, ווען מען ווייסט נישט צו ענטפערען אויף די פראגע, צו־וואס און מיט וועלכע רעכט ליצי־טירט עס די גמינע יענעמ'ס האב און גוטס? וואס גיעט זי דערפאר די יודי־שע בירגער? צי אויף אויסצוהאלטען

**א גאנצען שטאב מיט בעאמטע און פרעמדע קהל־פרעסער,**

צי אויף דערויף מאכט מען ליציטאצ־יעס און מ'לאזט אויספערקויפען יע־נעמ'ס בעזעכעס?

נאך קיינמאהל איז אין דער ראדא־מער גמינע נישט געווען אזוי פיעל בעאמטע ווי היינט, ביי קיין שום גמי־נע האט מען נישט געצאהלט אזעלכע ריזיגע, פעטע פענסיעס בעאמטע, ווי עס טהוט עס די היינטיגע גמינע. זייט א פאר חדשים האט מען בעזעצט די גמינע מיט א גאנצע נשים גאלעריע, ווי עס וואלט געווען דארט א גרויסער לוקסוס־מאגאזין פון דאמסקע קאנפעקציאן און נישט א רעליגיעזע גמינע מיט א ראבינאט. עפעס איינער א גמינע־דעס־פאט האט זיך אראפגעבראכט א כפוצ־יעלען קהל־שרייבער אזש פון לובלין און דאס דאזיגע קהל'שע קעסט־קינד בעקומט א יעהרליכע פענסיע כמעט ביז 10,000 זל., א סומע אזעלכע, וואס כדי זי צו דעקען קומט אפשר אויס צו לי־ציטירען דאס כלי בית פון צוואנציגער און פינפציגער יודישע אונפערמעגליכע פאמיליעס אין ראדאם.

אט דאס האט די היינטיגע יודישע גמינע אויפגעטוהן. אין ראדאם האט זיך נישט געפינען אזא „קונאקער" פאר א ביסעל בליגער און מ'האט געמוזט אזא וויכטיגען „אנטיק" אראפברענגען פון לובלין. דאס איז איין פונדרימעסט פון דער גמינע. יעצט ויאו איז דער אויס־כהו איהרער, וואס זי גיט צו פערדי־נען סעקוועסטראטארען, קאמארניקעס, פאר'ן דורכפיהרען די ליציטאציעס פון

עסאָכ. דאן וואו איז דער שטאָב גמי-נע-בעאַמטע? און צום סוף

**די געהיים-אַגענטען, וואָס די גמינע האַלט אויס איף קהל'ס חשבון.**

אַט אויף וואָס מען מאַכט ביי יודען „ספּושעדאַזשעס" און ליציטאַציעס. אַט צוליב וואס מען פערקויפט ביי אַ יודישען פריזירער זיינע מכשירים און מען לאָזט איהם שטעהן אָהן מעגליכקייטען צו פערדינען איף פרנסה.

אין א גאנצע שטאָרט קיקט דאָס צו אין שווייגט. אפילו די יודישע האנדווערקער-דאָזאָרעס פערשווייגען דעם דאָזיגען שרייענדיגען פאקט מיט'ן פריזירער פריידאָס און טאקע איף זיי איז א גרייסערער יונגערער. דער דאָזיגער ה' פריידאָס איז דאָך פון זייערע רייהען, א האנדווערקער, טאָ פאר וואָס רעאגירע זיי נישט דערויף? פאר וואָס כאָפּ לערידען ווי אזא מין אכזריות?

אז דאָזאָרעס און טאקע די כאמע קאָרפּען קעפּ. די „גרויל'ס", די תקיפים, זי „יחסנים" אין די, וואָס האָבען די ממתקים — אז די דאָזיגע צבוצקישע פּיצופים האָבען בעצאָהלט דעם עטאט זייערען

**פון 24-טען יאָהר — ערשט אין יאָהר 1927 און קיין ליציטאַציעס האָט מען ביי זיי ח"ילה נישט געמאַכט —**

פון דעם ווייסט נישט די קטאָרט. ס'איז נאָך אפילו א פראגע, צי דאָס דאָזיגע דעספּאָטען און לבן הארמי'ס האָבען זייער עטאט-שטייער פון 24 טען יאָהר פאקטיש יאָ בעצאָהלט. זיי, דאָס „שמן זית", די אויבערשטע המעטענע איז פּטור פון ליציטאַציעס. צו זיי קומט נישט דער קאָמאָרניק. חאָטש דארט וואָלט ער יאָ געהאַט וואָס צונעמען. בעסער שיקט מען איהם צו משה שיכטער, חיים שניידער און שלמה קרעמער ביי וועמען דער סעקוועסטראטאָר זאָל מאַכען א „וויספּושעדאָוש" אויפ'ן לעצטען ביסעל פערמעגענס.

און מיר פרעגען נאָך א מאה"ל: איף וואס און צוליב וואס מאכט מען די ליציטאציעס? וואָס האָבען די היינטיגע גמינע-תקיפים געשאָפען פאָר דער שטאָדט?

ס'איז בכל"ל נאָך א גרויסע פראגע צי מען מעג רואינירען אפילו איף דער דעה מ'זאָל דערפון עפּיס שאַפען. א פשיטא שוין, אז רואינירען אָהן א שום געזעלשאַפטליכען נוצען אין בידאי א סקאנדאל-עזער ענין. ווי ס'ווייזט אויס האַלט, א פנים, די עומר לגזיל-ריגע גמינע, אָז די נאָז איז בעשאַפען פאר דער טאבאקערקע און נישט פערקעהרט; די טאבעקערקע פאר דער נאָז. די בורזשעסען מיט די סקלאָדקעס, עמאָטען, ליציטאציעס און עקזעקוציעס האלט, א כבוד'ה די דעספּאָטישע גמינע, אז דאָס אלעס איז בעשאפען געוואָרען כדי אויסצוהאלטען בעאמטע, אינטער בעאמטע, אויבער-בעאמטע, וואָכאָשאָרן-בעאמטע, גענעראַלער בעאמטע, און פרעמדע קהל-שרייבער'ס פאר קאָקעדיגע סייזענדטער זלאָטעס; פאר געהיים-אגענטען און פאר נאָך פערשידענע „גיסטיגע" זאכען, פאר נס עות און „נסיעה לעך" און אויף צו געבען צו פערדינען נייגים, עקזעקוטאָרען און סעקוועסטראַטאָרען, אז בורזשעסען, סקלאָדקעס מיט עזא מען זענען איינגעטיהט דערויף, בכדי פאר דעם זאָל געשאַפען ווערען סאָציאַלע און רעאַלע ווערק. אז דערפון זאָלען אויפגעשטעלט ווערען בנינים פאר'ן נוץ פון דער אלגעמיינער יודישער בעפעלקערונג. אז די אלע שטייער-הכנסות זאָלען צוריק פערוועדנעט ווערען אויף נעגענזייטיגע הצטרכות'ען פון די עטאט-צאָהלער און ס'זאָלען בעפרידיגט ווערען אלע עקאָנאָמישע, סאָציאַלע, קולטורעלע און געזעלשאפטליכע בעדערפענישען פון די פערשידענארטיגע יודישע מאסען און דוקא אָהן דער הילף פון ליציטאציעס — אָט פון דעם אלעם איז דאָס היינטיגע קהל-שטיבעל נאָך ווייט, גאנץ ווייט. דערצו זענען די דאָזיגע לייט נישט דערוואקסען און אפילו נישט פעהיג וועגען דעם ערנסט צוטראכטען. דער עיקר איז כבוד און דאָס בעזאָרגען מיט פאָסטענס אייגענע, קרובים, נאָהנטע און כתם „אנשי שלומנו", ווייטער געהט די הדרה: „זאיענטשעס", עקזקוציעס און ליציטאציעס. און מעהר נייטיגט מען זיך נישט. ס'איז זאָן אלץ אין „בעסטען" אָרדנונג.

ס'איז אלרייט.

וועגען געלד איז קיין דאגה נישט. דאָס ביסעל פערקייפטע יודישע בעבאָכעס וועלען דעקען די אויסגאָבען און אויסהאַלטען דעם בעאמטען-בורזשעסט מיט די אָנגעטען פאָזיציעס.

נישקשה יודעלעך גיבען געלד. ווילען זיי נישט — מוזען זיי. קאָנען זיי נישט — צווינגט מען זיי.

געלד מוז זיין.

**ב. צוויג.**

דאָס בעסטע שפּייז-פעטס
צום
בראָטען, פּרעגלען און באַקען
איז „פּאָטאָקאָל"
Potokol
SPÓŁKA ... J. D. POTOKA SYNOWIE
BĘDZIN-MAŁOBADZ
די בעסטע
פלאנצען-פּוטער
„פּאָטאָקאַנאַ"
POTOKANA
MASŁO ROŚLINNE
דאָס בעסטע
שפּייז-אייל
„פּאָטאָק"
אַלץ אונטער דער שטרענגער השגחה
פון דעם בענדינער ראבינאט

# הינטער די קוליסען פונ'ם אמאליגען מאגאנטען לעבען אין ראדאם.

47. פון מלך אביון.

ס'איז געווען א ווייטע שטיל. דער פּרעזידענט האָט געזוכט אין אלבום-בוך און ענדליך איינגעבלעטערט א בילד, וואס ער האָט אונטערגעטראגען דעם ה' ר. און ביי איהם א פרעג געטוהן:

— דיזען ה' קענט איהר?

— יאָ, דאָס איז א ראדאָמער פּיגאנץ...

— פון וואנען קענט איהר איהם?

— איך האָב א קאָנצעסיאָן און ער פלעגט קומען אויף קאָנטראָל.

אהא, גוט, זאגט זי כ'בעט איהנען וויסען זי, אז איהנענס פרוי איז געוואהרען קיין וויען צוזאמען מיט דיזען הערר פינאנץ?

— ניין.

— קאָנען זי דעם אונגארישען פיינריך בוקאטשאז?

— ניין —

דער פּרעזידענט רוקט ארויס א מישלאד נעמט ארויס א פאק ליבע-בריף און בוקאטשאס פאטאגראפיע און ווייזט זיי דעם ה' ר. און לעזט פאר איהם און פאר ה' ב. פאר דעם אינהאלט. ווי אזוי בוקאטשא פערבעט קיין וויען זיין פרוי אלס. זיין געליבטע און די מאדאם ב. צו איהר געליבטען אָבער-לייטענאנט אין די גאנצע געשיכטע מיט דער איטאליענישער טרופע.

די צווי ראדאָמער מענער זענען נישט געזעסען אויף קיין שטוהלען נאָר אויף הייסע געברענטע קוילען. מ'האָט זיך נישט געקענט קוקען אין די אויגען אריין. ביידע זענען די פנים'ער געווען בעגאָסען מיט רויט צופלאמטע פארבען פון גרוים בושה האָבען זיך די אָפּלען פון די אויגען איבערגעדרעהט און פון אלעם וואס האָט זיך געפונען אין פאָליציאישען ביורא-צימער האָבען זיי געזעהען צו שטיקלעך, צובו עקלעך און צופיצלעך.

נאכ'ן פארלייענען די ליבע-בריעף צו זייערע פרויען און נאכ'ן פארשטעלען די פאטאגראפיעס פון זייערע געליבטע זענען די מענער זייערע די ה"ה ב. און ר. ווי צעמישט געוואָרען. די קעפּ זענען זיי געוואָרען פערדרעהט, ווי זיי וואָלטען געטרינקען אָפּיום. פאר די אויגען האָט געשווינדעלט און אונטער'ן הארץ האָט אזוי פערקלעמט. אז זיי האָבען מיט זייער מענערישען כח זיך געשטארקט מיט דער גאנצער אנשטרענגונג נישט צומאכען קיין חלש.

דער ה' ב. חאָטש ער האָט געקענט זיין מאדאם און געוויסט, אז זי האָט ליעב א לעב צוטוהן. איז ער פונדעסטוועגען פון די ערקלערונגען, וואָס דער וויענער פאָליצי-פּרעזידענט האָט געמאכט, געוואָרען איבערראשט. אז זיין ווייב זאָל אזש לויפען קיין וויען און פערמישט ווערען אין אזא אוואנטורע מיט איטאליענישע ארטיסטען — דערויף האָט ער זיך נישט גערעכט און ער האָט טאקע געשטאנען הערענדיג אזעלכעס. נאר צעחושט און טיעף דערשלאָגען איז געוואָרען דער ה' ר. וועלכער איז א ראדאמער חסידישער יונגערמאן און וועלכער האָט שטענדיג געגלויבט און זיכער געווען אין דער געטרייקייט און ערענטליכקייט פון זיין פרוי. ער וואָלט געשוואוירען ביי אלעם הייליגען, אז זיין פרוי איז איהם איבערגעגעבען און אויסער אייו גאט און איין מאן קאָן זי

# נישטא צו וועמען צו רעדען.

שוין נישט איינמאהל איז מיר אויסגעקומען צו רעדען וועגען דעם, דאס ביי אונז איז נישטא קיין עפענטליכע מיינונג, נישטא קיין ארגאניזירטע געזעלשאפט, אז אונזערע פארטייען שטאמען נאך פון פאר'ן מבול, אז זיי דרייען זיך נאך אלץ ארום דעם קלויז, ארום דער שטיבעל פאליטיק. מען אמפערט זיך נאך אלץ ארום דער פראגע פון אסימילאציע, נאציאנאליזם, ציוניזם, כאטש די פראגען שטעהען נישט מעהר אויף דעם טאג-ארדנונג, ווייל היינט שטעהען אין דער ערשטער שורה ווירטשאפטליכע פראבלעמען, עס גילט דער אויפבוי אדער דער אונטערגאנג פון דער יודישער ווירטשאפט, אונזער פאליטיש-געזעלשאפטליך לעבען מוז רעארגאניזירט ווערען. עס מוזען נייע לאזונגען ארויסגעגעבען ווערען, נייע פארמען פון ארגאניזאציע מוזען אנגעווענדעט ווערען, אויב נישט געהען אלע פארטייען מיט זייערע פיהרער אראפ פון פלאץ. זייער ארט פערנעמט ווידער דער אמאליגער תקיף, דער וואוילער יונג, דער עזות פנים, וועלכער קומט פי'ן כח פון א קליקע, פון א פאמיליע.

אויף די קלארע ווערטער הער איך כסדר איין תשובה: גוט אזוי! רעכט אזוי! זאלען די קאכלעפל, די פארטייפויקער, און קהל-שרייער אראפ פון ברעטל. א מצוה אויף זיי. זאלען טאקע פראסטע יודען מיט אייגענע ליסטעס דורכגעהן, אפשר וועלען זיי טאקע בעווייזען עפעס אויפצוטוהן.

די תשובה דערמאנט מיר יענעם יודען, וואס האט געזעהן ווי זיין הויז ברענט און ער געשטאנען און געקוועלען: „א מצוה אויף זיי, אויף די וואנצעלעך, זאלען זיי ברענען"! — דאס זעלבע איז אויך ביי אונז. צוליעב דער שנאה צו די געזעלשאפטליכע „יאנצעלעך" פרייט מען זיך, ווען מען זעהט ווי אונזער געזעלשאפטליכער בנין ברענט.

גלייכצייטיג מיט דער שמחה אויפ'ן חורבן פון געזעלשאפטליכקייט, שטעהן די זעלבע מענשען און שרייען, טאג איין טאג אויס, עס איז שלעכט, זעהר שלעכט, יודישע פרנסות געהן אונטער, די תורה ווערט פערגעסען, די סחורה טויג אויף כפרות, אלץ צוזאלט, ברעכט און שטעכט, ראטעוועט געוואלד ראטעוועט! איך ליין די הארציגע ווערטער, וואס שטאמען געוויס פון א פערוויטיגט הארץ און איך פרעג מיר צו וועמען רעדט מען דאן אויב אלע פארטייען טויגען נישט, אויב אלע פראגראמען זענען אנאומגליק, אויב יעדע ארגאניזירטע ארבייט איז איבעריג. אויב מען דארף נישט קיין ביורא, קיין סטאטיסטיק, קיין שום סיסטעמאטישע ארבייט, אויב דער אמת'ער רעפרעזענטאנט פון יודישען כלל איז דער וואוילער יונג. אויב מען איז אזוי בעגייסטערט פון דער אנארכיע וואס רייסט זיך ארייין אין דער יודישער גאס, — היינט צו וועמען שרייט מען? צו וועמען האט מען טענות?

איך מיין, אז א גרויסער טייל פון דעם חורבן וואס געהט אויף אונז וועט מוזען צוגעשריבען ווערען טאקע אויפ'ן חשבון פון דער אנארכיע, וועלכע מען שטיצט אונטער אנשטאט איהר צו בעקעמפען. מיר זענען שוין באלד געקומען צו דעם מצב, דאס דער ארענטליעער, אינטעליגענטער מענש, מיידט אויס פון איהר, ווייל ער וויל דאך נישט און מקען אויך נישט פערלאנגען פון איהם ער זאל זיך לאזען בעפלעקען זיין גוטען נאמען, ער זאל, צו דער אונדאנקבארקייט פון דער מאסע, נאך לאזען פאלען אויף זיין קאפ די בעליידיגונגען און חשדים פון די וואס זענען בערופען צו פערטרעטען די עפענטליכע מיינונג. מיר האלטען שוין באלד דערביי דאס צום ברעטעל רייסען זיך נור די געזעלשאפטליכע עמי הארצים, די וואוילע יונגען, די וואס פערשטעהן נישט און ווייסען נישט מיט וואס מען עסט עס.

נור צו וואס שרייבען און טענה'ען ווען עס איז נישטא מיט וועמען צו רעדען, ווייל קיינער הערט נישט וואס דער צווייטער רעדט. ער רייט זיך זיכער אויף זיין פערדל און וואס קימערט איהם וואס עמיצער שלעפט זיך ווארט צו פיס און רעדט? —

ש. י. סטופניצקי.

דאס לאנג-עגזיסטירענדע טוך-געשעפט
„אסתר גוטשטאדט"
ראדאם, לובלינער 2 פראנט 1-טער שטאק
מאכט בעקאנט דאס זי בעזיצט צים ווינטער-סעזאן א שענעם אויסוואהל פון
פערשידענע אנצעגער און פאלטענס
פון בילינצער, טאמאשאווער און לאדזער שטאפען.

טאפעציר-אנשטאלט
דערמיט מאך איך בעקאנט די יודישע בעפעלקערונג פון ראדאם און פון אומגעגענד, אז איך האב געעפענט א טאפעציר-אנשטאלט אויף לובלינער 50. איך נעם אן אלערליי טאפעציר-ארבייט ווי: קאנאפעס, שטילען, מאטראצען א. ד. ג. איך פערלעג אויך גארדינען פערשידענע דעקאראציעס. אלעס צו צוגענגליכע פרייזען און רעיעלע בעהאנדלונג. קומט און איבערציינט אייך. איך האב אויך א גרויסען אויסוואהל פון קאסעטקעס.
מיט אכטונג טייכמאן לובלינער 50
טאפעציר-אנשטאלט.

---

נישט מעהר קיינעם. טאקע דערפאר אין דער איינדרוק פון פרעזידענטס דערצעהלען געווען פאר ה' ר. א שוידערליכער. ס האט איהם געטראפען ווי א דונער. ווען ה' ר. האט דערזעהן אויפ'ן טיש זיין ווייב'ס טאשעבקע מיט די ליבע-בריעף און פאטאגראפיעס האט זיך ביי איהם אין קאפ עפעס א רים געטוהן. דארט אין די געהירען האט עפעס א קנאק געטוהן און ער האט כמעט אויפגעהערט צו זעהען מיט די אויגען. די הויכע און ברייט-פלייציגע פיגור פון פאליציי-פרעזידענט איז פאר ה' ר. יעצט ווי איינגעשרומפען געוואָרען. ער האט מעהר נישט געזעהן ווי בלויז שווארצע אויגען וואס האבען איהם געשטאכען ווי צוויי לאנגע דינע שארפע שפיזען. דאס האט דער פאליציי-פרעזידענט נישט אראבגעלאזט קיין אויג פון איהם און דעם ה' ב. און האט זיי דורך און דורך דורכשטודירט מיט זיין שיף-דורכדרינגלעכען בליק.

ראכעלא האט געפיהלט די גרויסע פערלעגענהייט און די געדריקטע שטימונג פון איהר פעטער דער ה' ב. און דעם צווייטען ראדאמער חסידישען יונגערמאן ה' ר. זי האט זיך דעריבער געמאכט קוראזש און מיט א שטארק געבעט זיך געווענדעט צים פאליציי-פרעזידענט צו בעפרייען בלויז די צוויי ראדאמער פרויען, פערזיכערענדיג, אז צו יעדער צייט, ווען די אויספארשונג וועט זיי נויטיג האבען וועלען זיי זיך מעלדען. דער פאליציי-פרעזידענט האט נישט איינגעשטימט און אויסגערופען אין א בייזען טאהן: — אך, ווי איז דאס מעגליך? דאס איז דאך איין באנדע. וואס האבען געהאלפען דעזערטירען אונזערע סאלדאטען פון פראנט. ניין גנעדיגעס פרייליין, די ראדאמער יודישע פרויען האבען געהאט א געמיינזאמעס מיט דער גאנצער אפערע און זיי מוזען זיין ארעסטירט ביז'ן פראצעס. —

דאס איינציגע וואס ראכעלא האט אויסגעווירקט איז געווען וואס אין ערלויבט געווען צו מאכען א „ועהונג" מיט די ארעסטירטע פרויען. און די דאזיגע סצענע-בעגעגעניש פון די צוויי מיגער מיט זייערע ווייבער איז ווירקליך געווען א שרעקליך געשעהעניש. דער פאליציי-פרעזידענט האט זיי אלע ארויסגעפיהרט אויפ'ן הויף. דארט איז געווען דאס ארעסט-הויז. מ'איז אריין אין דער קאנצעלאריע און דער פרעזידענט האט פעראררענט אריינצופיהרען אהער די צוויי ראדאמער יודישע פרויען. ביים בעווייזען זיך פון די דאזיגע אומגליקליכע פרויען האט די גאנצע קאנצעלאריע א ציטער געטוהן. ביידע פרויען, אזוי די מאדאם ב. און די פרוי ר. דערזעהענדיג זייערע מענער האבען זיך אין א ספאזמאטיש געוויין א וואַרף געטוהן אין זייערע ארעמס. איינגעזעענדיג דארט סיטף זייערע פנים'ער פאר שאנדע. ביידע פרויען האבען געפאלען, ווי אין קאנוואלסיע זיך געוואָרפען און יעדע האט זיך געבעטען ביי איהר מאן: — ראטעווע מיך. ראטעווע מיך.—

די „ועהונג" איז שנעל איבערגעריסען געוואָרען, ווייל ס'אין געמעלדעט געוואָרען, אז דער פראקוראר איז אנגעקומען אין ארעסט-הויז צו פיהרען די אויספארשונג וועגען דעם ארעסט פון דער איטאליענישער טרופע און ביידע פרויען האבען זיך געמוזט ארויסרייסען פון די ארעמס פון זייערע מענער און אוועק מיט צוּבראכענע געמיטער אויף דער אויספארשונג. אויפ'ן בעפעהל פון פאליציי-פרעזידענט זענען אויך פערבליבען ה' ב., ה' ר. און ראכעלא. ווענען זיי האט דער פרעזידענט געמעלדעט דעם פראקוראר, וועלכער האט געהייסען זיי ווארטען מיט'ן צוזאמען אז ביי דער אויספארשונג זאלען זיי אויך אנוועזענד זיין און אויך אויסגעהערט ווערען.

(פארזעצונג קומט.)

די איין-און-איינציגע בעשטעטיגטע דורכ'ן מיניסטעריום פאר קולטור און קונסט.

# SZKOŁA MUZYCZNA w Radomiu, Zgodna 8 pod kier. P. GISSERA

מאכט בעקאנט, דאס די עקזאמענס און דאס פערשרייבען זיך פון נייע שילער און שילערינס פון די קלאסען: פידעל, פארטעפיאן, וויאלאנטשעל א. א. האבען זיך אנגעהויבען און דויערען ווייטער יעדען טאג פון 10—2 און 4—6.

די שילער נעמען אנטייל אין: שול-ארקעסטער, קאמעראל-מוזיק, טעאריע און סאלפעדזש — אומזיסט. — דער פראגראם איז שטרענג איינהייטליך לויט'ן ווארשאווער רעגירונגס-קאנסערוואטאריום. — די צייגניסען פון דער שולע זיינען גילטיג אין אלע העכערע מוזיק שולען.

די לעקציעס קומען פאר א גאנצען טאג. — ביי דער שולע איז פארהאן א ספעציעלע קלאס פאר אנפאנגער.




# FABRYKA SUROFOSFATU w RADOMIU

Wytwarza z fekalji nawóz organiczny surofosfat zawierający:

**FOSFOR, AZOT, WAPNO I PRÓCHNICĘ.**

Nawóz tani i skuteczny. Kredyt do marca 1929 r.

Cena 11 zł. 80 gr. za 100 klg. bez opakowania.

BIURO SPRZEDAŻY: Radom, ul. Kilińskiego 19.

# לשמוע אל הרנה ואל התפלה

די חברה „כנסת ישראל“ אינטער די אנפירונג פון ה' מ. קאטליאר מאכט בעקאנט, אז זי ערדענט איין אזוי ווי אלע יאהר א דאווענען אויף די קומענדיגע **ימים נוראים** אין דעם זעהר שעהנעם לאקאל פון די שולע וויטאלדע 7 מיט זעהר א שיינעם כאר אונטער די לייטונג פון די ה"ה: **יעקב העכטמאן, איטשע ליפשיץ.**

מיט אכטונג **„כנסת ישראל“**

**בעמערקונג:** פלעצער קען מען דינגען יעדען טאג אין די שולע פון 9—2 און פון 3—6 נאך מיטאג.

צאהן-דאקטארין

# ה. ראקאטש

## איז צוריקגעקומען

אין נימט ווידער אן קראנקע

ראדאם, שטראקא (פילסודסקעגא) 7

אכטונג! ——— אכטונג!

# לשמוע אל הרנה ואל התפלה!

די פערוואלטונג פון ראדאמער בית-יתומים איז מודיע, אז אין דער פרעכטיגער, שעהנער סינאגאגע פון צענטראלט ווערט מען היינטיגען יום-טוב איינארדנען דאס **דאווענען** אונטער דער לייטונג פון א באגאבטען בעל תפלה.

איינטריטס קארטען קאן מען בעקומען ביי:

F. KUROWER, Lubelska 1

I. ROZENBLAT, St-krakowska 30.

# פערלייכטערונג פאר בעל-הבית'טעס

וואס איז נאך קיינמאהל נישט געווען אין ראדאם.

דערמיט מאך איך בעקאנט, דאס איך האב געעפענט אויף רווינסקא 7

**א געשעפט פון פיש** אויף ווארשאווער סיסטעם,

איינגעריכטעט מאדערנעלייטונג, אלע מינים סארטען פיש, לעבעדיגע און טויטע.

מיט אכטונג **בארענשטיין**

ראדאם, רווינסקא № 7

# וואונדערליכער שיקזאל פון א ליבהאבער.

## (אומבעקאנטער פילם פון רודאלף וואלענטינא).

דער גרויסער צאהל פערעהרערינס פון פריהצייטיג-פערשטארבענעם פילם-ארטיסט וועט געוויס פעראינטערעסירען די ידיעה וועגען ענטדעקען דורך איינעם פון די יורשים פון רודאלף וואלענטינא זיינעם א גענצליך אומבעקאנטען פילם.

ווי אזוי איז געלונגען דעם דאזיגען פילם אויפצובעהאלטען פאר דער עפענטליכקייט און נייגעריגקייט פון די קינא-אינטערנעמער? פאר וואס איז „אמאנטי“ (אזוי קלינגט דער טיטול פון דאזיגען אומבעקאנטען פילם) געווארען צוריקגעצויגען פון דער פילם-אינדוסטריע און ס'איז בעהאלטען געווארען אין א געהיים ארט פון רודאלף'ס ווילע אין האליוואוד? — פערשידען רעדט מען וועגען דעם, לויט די קלאנגען, וואס קורסירען אין פאריז, וואו „אמאנט“ גיהט יעצט מיט אן אומגעווענליכען ערפאלג, איז דאס בילד צוריקגעצויגען געווארען אויפ'ן קאטעגארישען פערלאנג פון פרייליין רודניט וויניפעלד, (בעקאנט א ביסעל אונטער'ן פסעוודאנים נאטאשא ראמבאווא), די צווייטע פרוי פון רודאלף'ס, א שטיף-טאכטער פון א גרויסען פארפום-פאבריקאנט פון ניו-יארק. די קאפריזנע און דעספאטישע פרוי האט נישט געפאלען, אז אין דעמאלט אויסארבייטענדיגען פילם זאל וואלענטינא שפילען א ראל פון א געמיינעם אינטריגאנט, שאנטאזשיסט און בלאטע-פויגעל. כ'וויל — האט זי דעמאלט געזאגט — אז מיין מאן זאל וועקען ביי די גאנצע וועלט פערגעטערונג, אייפערזיכט, אבער נישט קיין פלאכע סענסאציע און נישט געזונדע נייגעריקייט. „אמאנט'ן“ — ביטע, אבער אן „אמאנט“ אריסטאקראטישער און א ריטערליכער, אבער נישט קיין פרעסער און אויסגעצערטע. אלס בעל יוצא פון אזא מוסר פון א פרוי, וועלכע ער האט אזוי ליידענשאפטליך געליבט האט וואלענטינא זיך פערמאכטען אויף אנהעראנאישען זעצט דורכ'ן אויסקייפען דאס שוין פערטיגע בילד פון די איבערראשטע דורך זיין מורקזירדיגען איינפאל, פילם אונטערנעמער. פאר א לעגענדארע סומע פון הונדערטער טויזענדטער דאלארען און געלייגט דאס רייזיגע בילד צו די פיס פון זיין דעספאטישע נגעבין...

און זיך אזוי געלעגען „אמאנט“ דורך עטליכע יאהר אין טיפע, פינסטערע שופלאד און ער רודאלף'ס יורש האט דאס בילד ערשט ארויסגעקריגען אויפן טאג ליכט אין יאהר 1927.

דאס בילד איז אין תחלת פערפילמט געווארען פאר א קליין פילם אייגענטימער, ביי וועלכען האט ארויסגערופען א אומגעהויערע סענסאציע.

אין פאריז האט זיך געשאפען א קאנסארציום „לעס גראנס-פילם, פלמס מאנציאנקס“ אויף גאנץ אייראפע. די ערשטע עפענטליכע דעמאנסטרירונג איז פארגעקומען אין פאריזער „עלעקטריק פאלאץ“ אויף די גרויסע בולווארען (נעבען „קרעדיט ליאנע“) און ער האט נאטירליך געצויגען גיגאנטיגע מענשען-שטראמען, וועלכע האבען פשוט בעלאגערט די קאסע.

אין יעצטיגען מאמענט איז „אמאנט“ שוין 6 מאנאטען די גרעסטע סענסאציע אין פאריז. דער בולטסטער בעוויין פון איבערגעבען לעבעדיגער פאפולאריטעט פונ'ם אונשטערבליכען וואלענטינא.

די אטראקציע פון פילם וואס איז אזוי רייך אין דראסטישע מאמענטע ווי דאס געשטאלט און דאס שפילען פון וואלענטינא, וועלכער גיהט כמעט נישט אראב פון עקראן פון ערשטען ביז'ן לעצטען אקט.

„אמאנט“ וועט געוויס נאך צווארפען נאך גיין, פלימעל צים גרויסען רוהם-קראנץ פון רודאלף וואלענטינא.

◆◆◆◆◆◆◆

# וואס הערט זיך אין ראדאם.

## די ווארשאווער „גאסטראליערען"

### האבען אין ראדאם נישט מצליח געווען.

### א נישט-געלונגענער קאסע-איינברוך אויף א היגער באנק.

פון א לענגערע צייט-אן האט די היגע פאליציי אבסערווירט א אונגע-חעהנליכע בעוועגונג צווישען די ארטיגע קאסע-ברעכער. די דורכגעפיהרטע אויספארשונגען און אבסערוואציעס האבען איבערצייגט דער פאליציי, אז די ראדאמער ספעציאליסטען אויף איינ-ברוכען מיט דער הילף פון אונטער-גראבונגען, פראיעקטירען בשותפות מיט די ווארשאווער „מייסטערס" אויסצו-פיהרען אין ראדאם א וויכטיג שטיקעל „ארבייט".

די פאליציי האט דעריבער אכטונג געגעבען און געקוקט מיט אנ'אפען אויג צו דערגרייכען צוליב וואס די דא-זיגע לייט פארען זיך עס אזוי שטארק.

איינמאהל, ראס איז געווען מיט עט-לעכע טעג צוריק איז דער פאליציי גע-מעלדען געווארען, אז אין כאזאון פון די פארייניגטע פוילישע סטאליארס („יובל נצר" 41) זענען אויף א געהיימ-ניספולען אופן פערשווינדען געווארען א וועט-הענקעל, עטליכע מאטראצען, א גרויסער קוואנטום פליוש, נעגעל און א האמערעל.

די פאליציי, קומענדיג אויפ'ן ארט פון דער דאזיגער געהיימניספולע גניבה, איז געפאלען אויף א חשד, אז דאס שטיקעל ארבייט איז עפיס נישט קיין פשוט'ע זאך און, אז נישט בלויז די פערשווינדענע חפצים זענען די גנבים אינטערעסירט, נאר אז די גניבה איז געווען פארבונדען מיט א גרויסע אק-ציע.

אויפגעפיהרט אויף דיעם געדאנק האט רער פאליציי דער פאקט, וואס אין זעלבען הויז לובלינער 41, האט דער פוילישער סטאליאר-מאגאזין אין א נעבעדהויז, געפינט זיך אויך די ווארשאווער האנדעל'ס-באנק.

די פאליציי האט צוליב דעם משער געווען, אז נישט אנדערשט, נאר דא וועט געפלאנט א איינברוך אויף דער באנק אין דערפאר אנגענומען פערהיטונגס-מיטלען.

דער פערדאכט וואס די פאליציי האט געהאט אין פאקט'ס געווען בעגרינדעט. אויפ'ן זעלבען הויף, אונ-טער'ן לאקאל פון די ווארשאווער האנ-דעלס-באנק און דורך גראד אונטער דער קאסע-אבטיילונג געפונט זיך א צימער וואס האט אמאהל געהערט צו דער פירמע „ערדפרוכטען". („זיעמיא-פלאדי"). דארט האבען די כפריטנע קאסע-ברעכער איינגעארדענט זייער הויפט - באזע אויף דורכצופיהרען א וויכטיגע „קאסע-אפעראציע".

פון גע'גנב'עטן מעבעל איז אין דאזיגן צימער אויפגעבויט געווארען א רושטא-וואניע, די פענסטער זענען געווען בע-שלאגען מיט'ן פליוש און דער גאנצער צימער איז געווען אויסגעלייגט מיט מאטראצען. די ארבייט פון די „פאכ-מענער" איז שוין געווען אין פולען ברען. ס'איז שוין געווען אויפגעבראכען א עפנונג אין סופיט, דורך וואנען די איינברעכער האבען זיך געוואלט אריינבעקומען אין קאסע-צימער פון דער באנק און מיט די הילף פון כפי-ציעלע שטאפען און כעמישע מיטלען האט געוואלט די קאסע געעפענט ווערען.

ס'האט זיך געוואנדען אין נאך 15 מינוט און דער דאזיגער דרייסטער איינברוך וואלט געהען אויסגעפיהרט. די פאליציי-עפירער האבען געמאכט און געווארט און אויף א גינסטיגען מאמענט צו האפען אין נעך די גאנצע חברה „ספעציאליסטען". דערויף איז אויפמערקזאם געווארען דאס פערסא-נאל פון באנק, און דער דירעקטאר פון באנק ה' קאנמארסקי. געוואויר ווערענ-דיג פון דעם פראיעקטירטען איינברוך האט זיך נישט געקענט בעהערשען און איינהאלטען זיין גלייכגילטיגקייט. א דאנק זיין נישט פארזיכטיגען פערהאלטען זיך און דאס נישט קאנען אויסהיטען דעם סוד פון דער אויספיר-אקציע, האבען די קאסע-ברעכער דערשפירט, אז זיי זענען דעמאסקירט און זיי האבען תיכף געמאכט פליטה, איבערלאזענדיג די אר-בייט „נישט פערענדיגט".

ווען דאס דאזיגע שטיקעל ארבייט געהט דורך „בשלום" האבען די קאסע ברעכער געהאט א פערטיגען פלאן צו „בעארבייטען" די „באנק-וושעמיאנסקי", וואו א חוץ די באנק קאסע, געפונט זיך אויך די קאסע פון דער געוועל. „כפולי-קא ראלנא".

א דאנק אבער דער וואכזאמער שמירה פון דער פאליציי האבען זיך די פלע-נער צו בערויבען דריי פינאנץ אינסטי-טוציעס. אין וועמענס קאסעס ס'זענען בעהאלטען גרויסע סכומים געלד (בערך 200 טויזענד זלאטע) נישט איינגעגע-בען.

## בריוו אין רעדאקציע.

### צו דער רעדאקציע פון „ראדאמער-קעלצער לעבען"

ג. ה' רעדאקטאר!

ערלויבט אונז דורך רער פערמיט-לונג פון אייער ה. צייטונג צו ציקע-רען דער עפענטליכקייט ווי אזוי ס'איז געשעהען, אז א טייל פון אונזער ביער-ברויעריי איז געגען אוניער הילפען פער-וואנדעלט געווארען אין א פאליציי קא-קאמיסאריאט.

עס איז נישט מעהר אז נישט מעה ניגער ווי אנ'„ארינגעציר" אז, ביז יעצט נאך נישט פראקטיצירטער אופן, פון דאנקבארקייט מיט וועלכע די היגע מאגיסטראט בעלי הבתים ווילען זיינען אלס מוסטער פאר זייערע אינטער-טענינג, די בירגער פון אונזער שטאדט.

אלס דעם ערשטען אביעקט פאר זיי-ערע אילוסטראציעס האבען זיי אויס-געקליבען אונז.

מיט עטליכע חדשים צוריק, בערך, דעם 29 מערץ ד. י. האט מען פון מאגיסטראט זיך געווענדעט צו אונז מיט א בקשה, אז אזוי ווי אין דער שטאד-טישער אפרוטקע פאר יתומים זענען עטליכע קינדער קראנק געווארען אויף קאקלוש און מען מוז זיי דורכפיהרען אי-זאלירען כדי נישט אנצושטעקען די איבעריקע קינדער, זאלען מיר אויף דעם צוועק פערדינגען ביי אונז אין דער צייטווייליג נישט טהעטיגער ברויעריי א לאקאל.

נישט קענענדיג דעם לאקאל פער-דינגען אויף א לענגערע צייט, צוליב דעם וואס מיר קאנען זיך ארום מיט'ן געדאנק צוריק צו עפענען די פאבריק אין דאן און דער לאקאל נויטיג צו פאבריק-צוועקען, האבען מיר דאך גלייך בעסכם געווען צוליב דער וויכ-טיגקייט פון דער זאך, צוליב וועלכע ס'איז בעלאנגט דעם געבעטענעם לא-קאל צו געבען אויף 2 חדשים ד. ה. ביז, געזונד ווערען פון די קינדער. אלס אויסדרוק פון דאנק האט אונז דער מאגיסטראט צוגעשיקט פאלגענדען בריף, וועלכען מיר גיבען אין א ווערטליכער איבערזעצונג.

דער בריעף

„צו דער פערוואלטונג פון דער ביער-ברויעריי „נעקטאר".

דאנקענדיג די ג. ה"ה פאר דעם העפליכען און פאר דעם אהן איינגענוי-ציגען אויסבארגען אונז אייער לאקאל פון 2 שטובען אין דער ביער-ברויעריי „נעקטאר" בכדי מיר זאלען איינארדנען אין איהם קינדער פון דער שטאדטישער אכראנקע, וואס זענען קראנק אויף קאקלוש—פערפליכטען מיר זיך באלד נאכ'ן געזונד ווערען פון די קינדער, אמשפעטסטענס ביז 2 חדשים, דעם לא-קאל אבצולייזיגען און די ג. ה"ה איהם צוריקגעבען אין זעלבען צושטאנד, וואס ער איז געווארען איבערגענומען.

נאכ'ן אבליידיגען וועט דער לאקאל ווערען דעזינפיצירט".

וויצע-פרעז.: **אוזשעמבלא**

רעפערענט: **טשאפסקי.**

נאך 2 חדשים, נאכדעם ווי די קינ-דער זענען פאלקאם געזונד געווארען, האבען זיי דעם צייטווייליג איינגע-בארגטען לאקאל פעולאזט.

אבער אין 2 טעג שפעטער?

מיר זענען געוועזען אויסער זיך קי-מענדיג אין דער ברויעריי און טרע-פענדיג אנ'אבטיילונג פאליציי, וועלכע האט אונז פארגעשטעלט א בעפעהל פון פרעזידענט, וואס האט, אגב, אין דעם פרט, יורידיש קיין עום ווערט דעם דערמאגטען פאבריק'ס-לאקאל צו רעק-ווירירען.

מיר האבען ביז יעצט דעם ענין נישט בעריהרט עפענטליך צוליב דעם, וואס דער שטאדט פרעזידענט האט אונז ביי-ערליך ערקלערט, אז ס'איז געשעהן א „מיסטערשטענדניש" און אין מעכ-סטענס 6 וואכען צייט וועט דער לא-קאל ווערען צוריקגעגעבען, אזוי ווי ס'איז שוין אריבער 3 חדשים און די פייערליכע ערקלערונג פון ה' פרעזי-דענט איז געבליבען הענגער אין חלל פון זיין קאבינעט, גיבען מיר עס אי-בער דער עפענטליכקייט, זי זאל הא-בען א מעגליכקייט זיך צוצואסען א א בעגריף וועגען מאראלען ווערט פון איהרע „אויסדערוועהלטע".

מיט אכטונג

די פערוואלטונג פון דער ביער-ברויעריי „נעקטאר"

08—109.

די דערמאנטע געשעהעניש, וועגען וועלכע ס'טיילט מיט די פערוואלטונג פון דער בעקאנטער ברויעריי „נעקטאר" האט ארויסגערופען פערדרוס צווישען דער היגער בעפעלקערונג צוליב דער גרויסמוטיגקייט פון דער דערמאנטער פירמע, וואס האט אזוי ווייט דערפילט איהרע בירגערליכע פליכטען. אז זי האט צו זיך אויפגענומען קינדער אנ-געשטעקט מיט קאקלוש.

ס'איז אינטערעסאנט צו וויסען ווי אזוי די יודישע ראטמענער, אלס בע-שטאנדטהייל פון שטאדטראט וואס דארף היטען וועגען דער טהעטיגקייט פון מאגיסטראט, וועט דערויף רעאגירען.

# קעלצער אבטיילונג.

## וועגען דער רעגיסטראציע פון די האנדווערקער און די האנדוו.-קארטען.

מיט דעם פערפליכטענדען צעכן-געזעץ שטעהט פאר דעם יודישען האנדווערקער צו ערפילען צוויי וויכטיגע אויפגאבען, א אינדיווידועלע און א קאלעקטיווע. דורך די ערשטע, ווערט ער געצווינגען דורכ'ן געזעץ צו רעגיסטרירען זיין ווארשטאט און ארויסצובעקומען די האנדוו.-קארטע. אין געגענפאלס, דראהט א הם א שטראף פון 1000 זל. עווענטועל 14 טעג ארעסט. דורך די צווייטע, ווערט ער מאראליש געצווינגען דורך זיינע חברים האנדווערקער, אין נאמען פון געמיינזאמע אינטערעסען צו שטימען ביי די וואהלען צו די האנדווערקער-קאמערן פאר די יודישע האנדווערקערישע רעפרעזענטאנץ.

וואס איז די ראלע פון די האנדווערקער-קאמערן בנוגע די בעדייטונג פון דער רעגיסטראציע האט שוין דער יודישער האנדווערקער-פעראיין זיינע מיטגלידער איינגעקלערט דורך די אפטע דרינגליכע פאך-פערזאמלונגען, קאמוניקאטען, אויפרופע, דאס רופען אין דער שוהל, אין די בתי-מדרשים. אבער בנוגע די ראלע פון די האנדווערקער-קאמער איז נאך נישט געזאגט געווארען, און אויב איך זאג דא א פאר ווערטער וועגען דעם, איז אין צוזאמענהאנג מיט דער רעגיסטראציע-צושטאנד פון יודישען בעל-מלאכה ביים היינטיגען טאג.

די ראלע, וועלכע די האנדווערקער-קאמערן וועלען שפילען ווי א שטענדיגע רעפרעזענטאנץ פון די אינטערעסען פון דער מלאכה איז נעביעט פון רעגולירען די ענינים פון דער מלאכה.

די וויכטיגסטע אויפגאבען: א) זיי ארבייטען מיט די מלוכה-ארגאנען ביים אונטערשטיצען די ענטוויקלונג פון דער מלאכה דורכ'ן געבען אינפארמאציעס און דורכ'ן ארויסזאגען זייער מיינונג. ב) זיי בעטראכטען און שטעלען-פאר דער מאכט וואונשען און פארשלאגען, וואס זענען נוגע די אינטערעסען פון דער מלאכה, זיי גיבען אויך א בער וועגען דעם מצב פון דער מלאכה. די מאכט-ארגאנען וועלען אויסהערען די מיינונג פון די קאמערן וועגען געזעץ פראיעקטען, איידער זיי וועלען ארייננעטראגען און כיים א, אז, ו. ג) זיי רעגולירען די פראגע פון טערמינאלען און וון פון די פערפליכטענדע געזעצליכע פארשריפטען, ד) זיי גיבען אכטונג, עס זאלען ווי געהעריג אפגעהיטען ווערען די פארשריפטען, וואס זענען נוגע געזעלן און מייסטער, וואס זאלען זיין אנטשפרעכענדיג (ארט. 152) צום ארט, צאהל און מין מלאכה, צו דער ענטוויקלונג פון דער מלאכה פון דער געגעבענער קאמער.

ווי עס איז צו זעהען פון די פיעל וויכטיגע אנגעוויזענע אויפגאבען פון דער האנדווערקער-קאמער, איז צו פערשטעהן, אז די אינסטיטוציע איז א וויכטיגע פאר דעם יודישען האנדווערקער, חברים האנדווערקער! אין אייערע הענד ליגט יעצט, אין די געציילטע טעג, אייער גורל. ערפילט אייער אינדיווידועלען און קולטורעלען חוב און רעגיסטרירט אייך, און ארויסנעמען די האנדווערקער-קארטע, וועלכע דינט אויך אלס צייכען צו האבען שטים-רעכט צו די וואהלען צו די האנדווערקער-קאמערן אין וויזען, אז איינהייטליך און שטארק איז דער יודישער האנדווערקער און ער איז פעהיג צו קעמפען פאר זיינע רעכט און עגזיסטענץ.

**י. קראקאווסקי.**

---

## אויפרוף צו די עלטערן.

מיט'ן נייעם שול-יאהר טרעט אונזער גימנאזיע אריין אין א נייע פאזע: אין א פאזע פון אויפלעבונג און זעלבסט-ווירדע.

יאהרען-לאנג האט די גימנאזיע געוועהטאגט אין איהר לאגע, געשמערצט אין געבלוטיגט פון איהרע וואונדען אינוועניג און אויסעווענינג.

און פערקנעכטיגט איז זי געוועזען ביי די עלטערן. די עלטערן האבען דיקטירט די פרייזען פון שכר-למוד. די עלטערן. האבען געשטעלט בעדינגונגען, די עלטערן האבען אויסגעפרעסט אהן רחמנות'דיגע הנחות און די ווייטגעהענדסטע צאהלונג'ס-טערמינען.

און ס'זענען אויך געוועזען פיל עלטערן וואס האבען זיך איינגערעדט אז זיי טוהן דער גימנאזיע-פערוואלטונג, אדער אפשר גאר דעם גאנצען כלל ישראל — א גרויסען חסד, אז זיי געבען אריין זייערע קינדער אין די גימנאזיע.

בעטראכטענדיג יענעם קלאגענדיגען צושטאנד, איז גאר קיין ווינדער נישט, אז די גימנאזיע האט געזונקען פון טאג צו טאג אין חובות און געשטיקט זיך וואס אמאהל מעהר אין דעם זינקען וואס האבען איהר געדראהט לאנגע מינוט מיט א זיכערען אונטערגאנג. ס'איז נור צו בעוואונדערען פון וואנען האבען זיך גענומען אזעלכע אפפערווילליגע מענשען, אזעלכע דרייסטע אידעאליסטען און אונערמידליכע טהוער וואס ביי אזעלכע טרויריגע בעדינגונגען, האבען זיי געוואגט צו נעמען אויף זיך אזא ריזיקאלישע אויפגאבע אדורכצומאכען מיט דער גימנאזיע אזא פינסטערען און מיט אזוי פיעל דערנער בעלייטען וועג.

און אז די פערוואלטונג האט בעשלאסען אויפצולעבען די גימנאזיע וואס זי האט, אין דעם געדענקטען קריטישען טאג פון יאנואר 1927, איבערגענומען אין א גסיסה-צושטאנד — און צוצופיהרען זי צום היינטיגען ערפרייליכען מצב, איז דאס ווירקליך אזא גרויס פערדיענסט וואס נור די קומענדיגע בעשרייבונג פון אונזער גימנאזיע וועט עס קענען ווי געהעריג אפשאצען.

איצט שטעהט אונזער גימנאזיע שטאלץ. אויפגעלעבט און מיט דער גרעסטער זיכערהייט אויף ווייטער.

און איצט מוז אויך די ווירטשאפט פון די גימנאזיע נעמען א נייעם וועג. די עלטערן וועלען אויך ענדליך מוזען פערשטעהן, אז זיי דארפען זיך סובארדינירען די בעשלוסען פון די פערוואלטונג, וואס איז מיט איהר טהעטיגקייט נור אויסען דעם קיום פון די גימנאזיע און מיט דעמועלבען — דער ווירקליכער טובה פון די עלטערן.

און אט איז יעצט איינס פון די לעצטע וויכטיגע בעשלוסען, אז דער שכר-למוד מוז אונבעדינגט באלד ביים אנפאנג שול-יאהר אברעגולירט ווערען פאר'ן גאנצען יאהר. דאס ערלעדיגען טאר נישט מעהר אבגעשלעפט ווערען אויף וואכען און חדשים, ווי ס'האט זיך געפיהרט ביז אהער, ווייל דאס האט אריינגעברענגט א כאאס אין די אדמיניסטראציע, בעשווערט די ארבייט פון די פערוואלטונג און מיט א גרויסער מאס פערגרעסערט דעם דעפיציט.

די פערוואלטונג, וועלכע האט טראץ דעם גוואלדיגען דעפיציט, מיט איבערנאטירליכע כחות צוגעפיהרט דאס שול-יאהר צו ענדע, אהן שום קאנפליקט מיט די לעהרער אויך אהן שום הוספה פון די עלטערן — נעמט אויף זיך די פולע פעראנטווארטליכקייט פאר דעם היינטיגען שול-יאהר, מיט דעם בעדינג, אז דער גאנצער שכר למוד זאל באלד אין אנהויב שול-יאהר אברעגולירט ווערען אויף א גאנץ יאהר.

און זאל זיך כאקי יעדער פאטער אבגעבען א דין וחשבון דערפון, אז די פערוואלטונג וועט פון היינט אן געצווינגען זיין אויפצופאדערן, דעם שכר למוד, ביז'ן 5 סעפטעמבער אהן ריקזיכט דערויף ווען ס'זאל אפילו צו ליב דעם אויסקימען אהייכצוש קיין דאס קינד פון די שולע, וואס ס'איז ביז היינט. ביי די קנזכטישע טאקטיק, נישט צוגעלאזט געווארען.

די פערוואלטונג האפט אבער, אז די עלטערן וועלען דאך שוין ווייטער אפשאצען די וויכטיגקייט פון די גימנאזיע און די גרויסע און שווערע אויפגאבען פון די וואס ווידמען זייער צייט און כח פאר דעם וואוילשטאנד פון די גימנאזיע.

**בן-עיר.**

---

## 3 דעלעגאטען פון קעלץ אויף דער פגישה מיט דער ארץ-ישראל-דעלעגאציע פון „קרן-קימת"

אויף דער פגישה מיט דער ארץ-ישראל - דעלעגאציע פון „קרן-קימת", כורשים און נאציאנאל-פאנד-עסקנים-צוזאמענפאהר, וואס איז פארגעקומען היינטיגען זונטאג און מאנטאג אין ווארשא, האבען זיך פון אונזער שטאדט בעטייליגט: פרל' חנה ראזענבערג און די ה"ה: ח. זיעלאני און ש. בורשטין. די ערשטע אלס אפיציעלע פארשטעהערין פון ארטיגען קרן-קימת-קאמיטעט און די לעצטע—אויף די פריוואטע איינלאדונגען פון נאציאנאל-פאנד-דירעקטאריום אין פוילען, אלס לאנגיעהריגע ציוניסטישע אקטיווע עסקנים.

---



## Kasa Spółdzielczo-Kredytowa

w RADOMIU, Lubelska 25.

קאסע ספולדזיעלטשא-קרעדיטאווע

קאאפעראטיוו מיט בעשר. פעראנטווארטונג

# איז שוין טעטיג

און ערלעדיגט אלע ארט באנק-אפעראציעס

פינקטליך און רעעל, ביי מינימאלע פראוויזיעס,

אינקאסעס

ווערען אויסגעצאהלט אין טאג פון איינגאנג.



**Zgubiono weksel z wystawą H. Dąbek** Radom na 100 zł. z terminem płatności 10 października b. r. weksel niniejszy unieważnia się.

**H. Dąbek**

Radom Lubelska 25.



## Dr. Witold Pakowski

**(choroby uszu, gardła, nosa)**

### POWRÓCIŁ

i przyjmuje jak dawniej

**RADOM, ulica MARJACKA 12.**



## בעקאנטמאכונג

דער יודישער בירגער-פעראיין אין ראדאם לובעלסקא 40 מאכט בעקאנט אלע מיטגלידער פאלגענדעס:

1) אין ביורא פון אונזער געזעלשאפט האט זיך געעפענט א **יורידישער אמט** וועלכער וועט לייסטען מיט יורידישע **עצות אומזאנסט**. דער אמט וועט זיין עפען יעדען טאג פון 10 ביז 12 פארמיטאג.

2) צוליב די נאהנסטע אלגעמיינע פערזאמלונג וועלכע דאיף קירצליך פארקומען ווערען די מיטגלידער געבעטען איינצוצאהלען די שולדיגע מיטגלידס-אבצאהל אין די קאסע פון אונזער ביורא געגען קוויטונג.

3) אונזערע מיטגלידער, וועלכע ווערען שיקאנירט ביים איינמאהנען דעם עטאט-שטייער פון די גמינע דארפען אין זייער אינטערעס זיך מעלדען אין פעראיין, וואו עס וועט אנגעשריבען ווערען א רעקורס צום ה' סטאראסטא.

**די פערוואלטונג.**



## ראדאם — ווארשא

פון זונטאג: דעם 9|9 ד"י בעזארג איך אלע זענדונגען פאר ראדאמער סוחרים. בעשטעלונגען ווערען בעזארגט קיין ווארשא 2 מאהל טעגליך. אין פערלויף פון 24 שעה וועט די בעשטעלטע סחורה זיין צוגעשטעלט צום סוחר אין געשעפט.

כדי די סוחרים זאלען וויסען, אז אלע זענדונגען וועלען זיין שנעל ערלעדיגט האב איך זיך געשטעלט אין קאנטאקט מיט א שותף אין ווארשא, וואס וועט זיך ספעציעל מיט דעם פערנעמען צו בעזארגען שנעל און פינקטליך אין דעם זעלבען טאג, אלע בעשטעלונגען קיין ראדאם.

וועלכער סוחר זייענדיג אין ווארשא וועט וועלען פריהער אהיימשיקען סחורה קאן ברענגען לויט די אנגעוויזענע אדרעסען אין ווארשא:

1) נאלעווקיס № 9 אין טויער פארטער, וו. ראזענטאל

2) פיאזנא № 7 פיאנטאווע געוועלב, נ. נאלדבערג. טעל 275.86

אין ראדאם ביי מ. טייכמאן לובלינער № 21 טעל. 233.

**בעמערקונג:** בעשטעלונגען ווערען אנגענומען פון 8 פריה ביז 9 אווענד. אין דרינגענדע פאלען קאן מען אלץ ערלעדיגען דורכ'ן טעלעפאן.

מיט אכטונג **י. טענענבוים.**



## Gimnazjnm Tow. „Przyjaciół Wiedzy"

w RADOMIU — z prawami gimnazjów państwowych.

די דירעקציע פון די גימנאזיעס **„פשיאטשול וויעדזי"** מאכט בעקאנט, אז אויפ'ן יסוד פון אריינגעטראגענע ביטעס פון פעראינטערעסירטע, ווערט דער טערמין פאר נייע אריינטרעטענדע קאנדידאטען אין א טייל קלאסען פערלענגערט נאר ביז דעם **17|9** ה. י. איינשליסליך.

נאכ'ן דערמאנטען טערמין וועלען די איינשרייבונגען זיין געשלאסען. עקזאמענס פאר נייע קאנדידאטען אין צווייטען טערמין, וועלען זיך אנהויבען דעם **17|9 4** נ. מ.

**דירעקטאר אינזש. י. רוסאק.**



די גרעסטע יודישע געזעלשאפטליכע ביבליאטעק

ביי דער ציוניסטישער ארגאניזאציע

## ראדאם, לובעלסקא 25

בעזיצט די בעסטע אויסגאבען פון די **העברעאישע, יודישע, פוילישע ליטעראטור.**

אפען יעדען טאג פון 6 — 8 אוו.

אכטונג! ספעציעלער אבטיילונג פאר יוגענד.



## פדיון-נפש.

בכדי צו פערבעסערן די שווערע מאטעריעלע לאגע, וואס די געזעלשאפט מאכט לעצטענס דורך, ווערט ארגאניזירט דורך די איצטיגע געזעלשאפט א פדיון נפש-אקציע, וועלכע בעשטעהט דאס יעדער זאל זיך מתחייב זיין צו געבען 15 גראשען פון יעדען קאפף.

עס איז צו פערהאפען, דאס ווען די אינקאסענטען וועלען בעזוכען די ראדאמער אידישער בעפעלקערונג וועט זיך קיינער מונע זיין פון אייבקייפען די קופאנען צו 15 גראשען און אלע ווי איינער וועלען שטיצען די פדיון-נפש-אקציע בכדי צו קאנען לינדערען די נויט פון די ארימע אידישע קראנקע, וועלכע ווענען אונטער דער אויפזיכט פון דער געזעלשאפט „לינת הצדק".

יודען!! זייט נישט קיין פורש מן הצבור. שטיצט די פדיון-נפש-אקציע ובזכות זה וועלען מיר קאנען אויסבעטען א כתיבה וחתימה און א רפואה שלמה פאר חולי ישראל.

ראדאם. געזעלשאפט „לינת-הצדק".



## לשמוע אל הרנה ואל התפלה.

אזוי ווי יעדעס יאהר ארדנען מיר איין אויך היינט א בית תפלה אויף די קומענדיגע ימים נוראים און סכות אין אונזער **שול-לאקאל** לובלינער 21.

ס'זענען אנגאזשירט געווארען געריהמטע **בעלי תפילות.**

דינגען פלעצער קאן מען יעדען טאג אין דעמאנטען לאקאל.

מיט אכטונג:

**אשר גוטמאן, משה זאיאנץ.**



## Oświadczenie.

Niniejszem oświadczam, że deklaracja podpisana u p. Kestenberga, jakobym kupował u f. Jakób Mondszajn żelazo po cenie 47 gr. za kg. mniej 7% rabatu przy regulacji gotówkowej — prawdzie nie odpowiada, gdyż żelazo po powyższej cenie zakupywane u f. Mondszajn kryłem zawsze wekslami.

Omawianą deklarację podpisałem, nie znając jej treści i będąc co do niej w błędzie, wobec czego niniejszem takową cofam.

SZOEL ROTBLAT

**sprzedaż żelaza w Zwoleniu.**

Zwoleń, dnia 31 sierpnia 1928 r.



## התראה ואזהרה.

אזוי ווי איך האב שוין איין מאהל מתרה געווען, אז קיין שום שוחט זאל נישט פערנעמען דעם פאסטען פון שחיטת אין ראדאם ביז מייו ככוך מיט די קהלה וועט ערלעדיגט ווערען. אדער מיט א גוטען ווילען, אדער דורך א דין-תורה, וואס איך בין זיי מזמין. אזוי ווי יעצט הער איך דאס די קהלה האלט ביי אויפנעמען נייע שוחטים, לכן ווארען איך נאך אמאהל יעדען שוחט אז ער זאל נישט זיין קיין מסיג גבול רעהו און אפילו נישט אונטערהאנדלען מיט די קהלה, ביז מיין ענין וועט ענטגילטיג ערלעדיגט ווערען.

איך בין זיכער אשר שארית ישראל לא יעשה עולה.

**חנוך העניך שו"ב בן החסיד חיים לייבוש שו"ב ז"ל.**



די אוקראאינערין זאגט:

מיין וועש איז שטענדיג בלענדענד ווייס. ווייל
זייף קלויב איך אויס זעהר פארזיכטיג און
שטענדיג אליין.
דער זייף פון מיין וועש שיינקייט, זיין
שפארעוודיג און ביליג:
איך קלויב אויס שטענדיג נאר



MYDŁO
JELEŃ SCHICHT



כשר
צערעס
שפייזע-פעטס ווערט אלזייטיג עמפפוהלן
אויף די יו"ט צום
קאכן
באקן
בראטן
פערלאנגט אויסדריקליך „צערעס"
מיט דער הכשר-התימה און
ווארנט צוריק מינדערווערטיגע אונבעקאנטע
פעטס
Schicht S.A. WARSZAWA



**KINO ODEON w RADOMIU.**

OD 3 WRZEŚNIA 1928 r.
najnowszy superfilm sezonu p. t.

# KRÓL DŻUNGLI

Największy film z życia dżungli afrykańskich. Najnowsza serja przygód słynnego Elmo Lincolna.

Znanego z głośnego obrazu cieszącego się nadzwyczajnem powodzeniem p. t. TARZAN wśród LWÓW.



**Kino CORSO Teatr**

**Od 6 września 1928 r.**
Otwarcie sezonu jesiennego
**Wielka premiera!**
Potężny dramat w 10 dużych aktach

**KSIĄŻĘCA KOCHANKA**

W roli głównej Magda Sonia.

Anons — Anons
Cyrk Wolfsona.



Kino-Teatr „Nowe Czary" **W czwartek d. 6 września r. b. i dni następne**

Wyświetlany będzie szlagierowy nasz drugi program

Najpotężniejsze arcydzieło osnute według prawdziwych zdarzeń z życia Kniaginiuszki pod tytułem:

**TUŁACZKA księżnej TRUBECKIEJ**

12 aktów — Bohaterskiej miłości krwi i poświęcenia. **Tragiczne dzieje roku 1917.** W szponach rosyjskiej Czerezwyczajki — 12 aktów

W rolach głównych: czarująco słodka Mady Chrystians — Bożyszcze kobiet **W. DIETERLE** i inn.

NAD PROGRAM! — NAD PROGRAM!
2 akty bezustannej amerykańskiej bomby śmiechu.



„TEATR ROZMAITOŚCI" — W sobotę 8 września 1928 r.
— NIEBYWAŁA SENSACJA! —

Wystąpi tylko jeden raz na czele warszawskich artystów w rewji p. t.

# LUCYNA MESSAL

TYLKO DLA SŁOMIANYCH WDOWCÓW

Wielka rewja w 2 częściach 18 obrazach. — **Udział biorą:**
Lucyna MESSAL, Niuta BOLKA, Czesł. SKONIECZNY
Janina ORLICZÓWNA, Wacław ZDANOWICZ i in.

**Szczegóły w afiszach.** **Początek o godz. 8.30.**
Bilety wcześniej do nabycia w firmie Juljan Miecznikowski, Lubelska 13.








— אגעזיכערט לעבן —

Kursy samochodowe
H. PRYLIŃSKIEGO
Warszawa, Aleje Jerozolimskie 27

לערן אויטאס מיט דאפלטער פירונג
וועלט-פאטענט.
פערלייכטערט און איילט צו די לערע.
גיכער און גרונטיגער אויסלערנען.
אפיטעקט און דירה פאר פרעמדע
פראפעסיאנעלע און דזשענטעלמען פאר-רעכט.
א קאסטען ווערט געזיכערט.


צו דער פערלאבונג פון אונזער ליבען
קוזין משה צוקער (ראדאם)
מיט אונזער קוזינקע
פר"ל מלכה עהליך (שידלאוויעץ)
ווינשען מיר די הארציגסטע ברכות און א הערליכע צוזאמענלעבען פאר זיי אויך
די עלטערן פיעל נחת.
צפורה'לע, רכה'לע, נחמיה מילשטיין.

א הארציגען מזל-טוב ווינשען מיר
אונזער הויז פריינד ה'
צוקער משה
צו זיינע תנאים מיט פר"ל
עהרליך מלכה (שידלאוויעץ)
מלך פיטמאן און פאמיליע.

דאנקזאגונג.

דעם־מיט דריק איך אויס מיין
טיעפסטען דאנק דעם
ד"ר קאדישעוויטש
פאר זיין אונערמידליכע און איבערגעגעבענע ארבייט ביים ראטעווען
מיין זוהן משה
פון א קרענק, וואס האט בעדראהט
זיין לעבען.
איך ווינש איהם גליקצייטיג
א כתיבה וחתימה טובה.
הערצקע גוטמאן.

Felczer H. GRINSZTAJN Radom, Zgodna 1, tel. 303.

Redaktor i Wydawca CH. M. MERC — Odbito we własnej drukarni, Radom, Szwarlikowska 20